צינער וועג צו העלפען יודען איז דער ציוניזם לויט דעם באזעלער פראגראם.

---

## ידיעות פון קישינוב.

— אין נומער 105 „המליץ" איז אבגעדרוקט א פאטאגראפיע פון א שטיקל אבגעריסענע ספר תורה, וואס איז צעריסען געווארען בשעת דעם פאגראם אין קישינוב.

— ה' זיגמונד בערגעל אוים בערלין איז געפאהרען אין קישינוב אלס שליח מיוחד פון דעם קאמיטעט הילפס-פעראיין פון דייטשע יודען.

— פיעל פראפעסארען אונ סטודענטען אין פאריז האבען געמאכט א מיטינג וועגעי קישינעבער פאגראם. אויף דעם מיטינג זענען צוזאמענגעקומען מעהר אלס 1000 סטודענטען. דער פרעזידענט איז געוועזען דער בעריהמטער געלעהרנטער אנאטאל לערוא-באליע.

— דורך וויען זענען דורכגערייזט איינינע יודישע עמיגראנטען פון קישינוב נאך אמעריקא.

— צום ניו-יארקער בלאט „מארגען זשורנאל" זענען געקומען דעם 6 טען מאי דריי חינעזער אונ האבען געזאגט, אז די חינעזער, וועלכע וואהנען אין ניו-יארק, וועלען עפים טון פאר די קישינעבער יודען, זיי האבען בעשלאסען צו מאכען א קאנצערט אין חינעזישען טעאטער אונ די הכנסה וועט געהן פאר די קישינובער יודען.

— דעם 24 מאי האט ד״ר הערצל געשיקט א טרייסט בריף צו די קישינעבער יודען.

— אין „הצפירה" איז אבגעדרוקט א דאנק-בריף פון די פארשטעהער פון דער קישינובער יודישער געמיינדע צו דעם יודישען קאפעל-מייסטער י. ו. טשערנעצקי, דערפאר וואס ער האט צוזאמען מיט זיינע סאלדאטען מציל געווען איינינע נאסען פון די פאגראמשטשיקעס.

— די ידיעה, אז גראף טאלסטאי האט געגעבען פאר קישינוב'ער יודען 15.000 רובל איז נישט ריכטיג. ער האט אבער געשריבען א בריף צו א יודישען פיאניסט ה' ד. שור, אין וועלכען ער דריקט אויס זיין בעדויערען אויף דעם פאגראם.

— דער רוסישער שריפטשטעלער מאקסים גארקי האט געשריבען א בריף צו די רוסישע צייטונגען, אין וועלכען ער פראטעסטירט געגען דעם פאגראם אונ זאגט, אז די קריסטען דארפען העלפען די פאראומגליקטע יודען.

— אין „הזמן" נומער 34 שרייבט מען: דעם ד״ר כ. ב. האט מען געוואלט הרג'ענען, ווייל מען האט געמאכט אויף איהם א בלבול, אז ער האט אויסגעזויגען בלוט פון א קריסטליך מיידעל. ער האט זיך אבער פארשלאסען אין צימער אונ האט ארויפגעלעגט א פיסטאלעט אויף זיין טיש. איינער א שכן איז אריינגעקומען פרעגען ביי ד״ר כ. ב. צי ער זאל זיך וועהרען מיט א רעוואלווער, האט ער איהם אבגעראטען. שרעקליך שווער איז מיר געווען איבער צוטראגען, דערציילט ד״ר כ ב. מען האט מיר דורך דעם טעלעפאן אלץ מודיע געווען אונ איך האב נישט געקאנט העלפען. דעם דריטען טאג, ווען מען האט שוין די שטאדט געשטעלט אונטער „שטרענגע בעוואכונג" אונ מען האט געשיסען געברויכען געוועהר, האבען די באסיאקעס געוואלט זיך שלאגען מיט די סאלדאטען. אויף דעם דריטען טאג האבען זיי געוואלט בעפאלען א יודישע פאבריק, עס איז זיי אבער נישט געראטען, דען א סך ארבייטער האבען געהאט ביי זיך וויטריאל, מיט וועלכע זיי האבען בעגאסען די באסיאקעס. אויף דעם פיערטען טאג, אז די שטאדט איז שוין אביסל רוהיגער געווארען, זענען איינינע פון די יודישע מתעסקים געגאנגען צונויפקלויבען געלד פאר די פאראומגליקטע, זיי האבען אבער געפונען אלע הייזער פארמאכט, אונ אז זיי האבען אנגעקלאפט האט מען זיי מיט א ציטריג קול געפרעגט: „ווער איז דארט יודען"? אונ אז מען האט זיי געזאגט, אז מען ברויך געלד, האבען זיי געענטפערט: „גאט אייך וויפיעל איהר ווילט"!

---

פון אחרים נאך א קערבל, פון אחרים צוויי קערבלעך, פון אחרים א האלבען קערבל, אונ אזוי ווייטער... אונ חאטש די מאמע איז געווען א יודינע נישט קיין גביר'טע, איין אלמנה מיט קינדער, אונ האט געלעבט פון פראצענט, נאר ביי אחרימען קיין פראצענט האט זי ניט גענומען קיין מאל: ער פלעג אונז צאהלען מיט גארטענווארג, אמאל מעהר אמאל ווינציגער, מיר האבען זיך מיט איהם קיין מאל נישט געקריגט. איז געווען א געדעט פלעג ער אליין אנשיטען אונז א פולען קעלער מיט קארטאפלים אונ מיט אוגערקעס אויפ'ן גאנצען ווינטער, אונ אז ניט, פלעג ער זיך אפבעטען ביי דער מאמע:

— נע וויבאטשאי, אווראומיכא, בא נע ווראדילא! דאס הייסט: האב קיין פאראיבל ניט, אברהמ'ס ווייב, ס'איז ניט געראטען: אונ די מאמע פלעג איהם מוחל זיין דאס מאל אונ אנזאגען, אז אם ירצה השם אויפ'ן אנדערען יאהר זאל ער ניט זיין קיין דבר-אחר, אונ טאקי אזוי זאגען איהם כהאי לישנא ממש?

— ליאדיוש, אחרימאו סערדצע, יאק באה דאסט נא טאי האר שאב טי נע באוו סוויניא!...

— דאברע, אווראומיכא דאברע! - פלעג איהר אחרים אפענפערען אונ האלטען וואורט: די ערשטע גרינע ציבעלים מיט'ן ערשטען יונגען קנאבעל האט ער תמיד געבראכט צו טראגען אונז; די ערשטע יונגעטשקע קארטאפלילעך מיט די ערשטע גרינע אונערקעס זענען תמיד געווען ביי אונז, גיכער ווי ביי די נגידים. אונ איך האב ניט איין מאל געהערט פון אונזערע שכנים אונ שכניטעס, אז דער אלמנה איז גאר ניט אזוי שלעכט, ווי זי מאכט דעם אנשטעל. זעהט נאר, מע טראגט איהר אריין אין שטוב אריין פון כל טוב... סע פארשטעהט זיך, אז איך האב דאס באלד אפגעטראגען דער מאמען אין אויהער אריין, האט זיי די מאמע גוט אויסגעשאלטען:

— ואלץ זיי אין די אויגען, שטיינער זיי אין הארצען! ווער סע פארגינט מיר ניט, דער זאל אליין ניט האבען! איך ווינש זיי איבער א יאהר אויף מיין שטיינער!

סע פארשטעהט זיך, אז איך האב דאס באלד איבערגעגעבען אונזערע שכנים אונ שכניטעס, וואס די מאמע האט זיי געווינשעוועט... סע פארשטעהט זיך, אז פאר אזעלכע ווערטער זענען זיי געווען אויף דער מאמע להרוג ולאבד אונ אנגערופען זי מיט אזא נאמען, וואס מיר איז געווען א חרפה צו הערען... סע פארשטעהט זיך, אז מיך האט דאס פארדראסען אונ איך האב דאס באלד אפגעטראגען דער מאמען, האט מיך די מאמע מכבד געווען מיט צוויי פעטש אונ אנגעזאגט, איך זאל אויפהערען ארומטראגען „שלח מנות" פון איינעם צום אנדערען... פון די פעטש האב איך געוויינט, אונ דאס ווארט „שלח מנות" האט מיר געפיקט אין מח: איך האב ניט פארשטאנען פאר וואס רופט זי דאס עפים „שלח מנות"?

— פיעל פון די, וואס האבען זעהר שטארק געליטען פון דעם פאגראם, האבען פונדעסטוועגען נישט דערלאנגט קיין בקשות צום הילפס־קאמיטעט, ווייל זיי ווילען נישט אנקומען צו נדבות.

— די צייטונג ״זנאמיא״. פון וועלכ׳ער דער בעוואוסטער אנטי־סעמיט קרושעוואן איז דער רעדאקטאר, האט מען פארבאטען צו פארקויפען איינצעלנע נומערן.

## ווער איז קרושעוואן?

קרושעוואן וואס זייט ער איז געווארען רעדאקטאר פון ״בעסעראבעץ״ הערט ער נישט אויף צו העצען אויף יודען און כמעט נאר איהם האבען די קישינוב׳ער יתומים און אלמנות צו פערדאנקען זייער אומגליק, איז א מאלדאוואן און שטאמט ארויס פון פראסטע עלטערן. פאר 9 יאהר צוריק איז ער געוועזען א שרייבערל ביי איין אקציזניק. די שטעלע האט מען איהם געגעבען נישט פאר זיין בילדונג, נאר פאר זיין שענע האנדשריפט. מיט זיינע חניפות, אויף וועלכע ער טויג זיך, איז ער אין אקציז־פערוואלטונג געשטיגען ביז א ״נאדסמאטראשציק״ (אויפזעהער), ווייטער אבער האט ער נישט געקאנט שטייגען, ווייל ער האט נישט די בילדונג, וואס איז דערצו נייטיג און האט זיך דעריבער געווארפען אויף ליטעראטור. ער איז אוועק אין ווילנא און איז אנגעקומען פאר א שרייבער אין ״ווילענסקי וויעסטניק״. זיין ארבייט איז בעשטאנען אויסצווייזען, אז דא געפינט זיך א שענק אהן א פאטענט, דא פערקויפט מען טאבאק אהן באנדראלען וכדומה. צוויי יאהר שפעטער איז ער צוריק נאך בעסעראביע געקומען און איז אנגעקומען אין ״בעסעראבסקי וויעסטניק״ אלס מיטארבייטער. די אנדערע מיטארבייטער, וואס האבען געקענט, וואס פאר א נידריגער נפש דער קרושעוואן איז, האבען אויפגעהערט צו ארבייטען אין דעם ״בעסעראבסקי וויעסטניק״ און מען האט איהם מעהר אין דער רעדאקציע נישט געהאלטען און קרושעוואן איז אהן א קאפיקע געלד געווארען למזל א רעדאקטאר. האט מען איהם אויפגעהערט געטרויען פאפיר האט ער געזידעלט אין זיין בלאט, האט איהם דער דרוקער נישט געוואלט מעהר דרוקען, וואו ער וועט נישט בעצאהלען, וואס עס קומט פון איהם, האט ער געשריבען געגען איהם איין ארטיקעל, קיין גרויסע גליקען האט ער קיינמאל פון זיין בלאט נישט געמאכט און האט עס דעריבער פערקויפט א געוויסען מאלסקי און האט אנגעהויבען אין פעטערסבורג ארויסגעבען דאס אנטיסעמיטישע בלאט ״זנאמיא״. א פנים דערביי האט ער אויך קיין געלד נישט געשמידט און האט געוואלט צוריק נעמען דעם ״בעסעראבעץ״. דערויף האט איהם ה׳ מאלסקי אנגעגעבען אין סוד און דאס געריכט, האט פון איהם צוגענומען די צייטונג ״בעסעראבעץ״ און איבערגעגעבען ה׳ מאלסקען.

אט פון אזא שענעם פארשוין ליידען די בעסעראבער יודען און עד היום הערט ער ניט אויף צו בילען אויף יודען.

---

## פיער וועלטען.

א שענעווארעמע פריהלינג־נאכט...

דער אויסגעשטערנטער הימעל בעגריסט מיט ליבשאפט די פייכטע פון טוי גרעזלעך און בלומלעך, א ווינטעל שאקעלט מיט רחמנות די נידריגע בוימלעך און בעשיט די ערד מיט ווייסע פוכענע בלומען־בלעטלעך פון די פרות־בוימער. אלץ ארום שמעקט זיס און פריש. די נאטור האט אויפגעלעבט נאך דעם לאנגען ווינטער־שלאף, און פוצט זיך אויס ווי א רייכע גבירתה מיט אלע איהרע עשירות.

און די צופרידענע מינע פון דער נאטור, די שטילקייט און דער געשמאקער ריח פון ארום גיט צו מוט אויך די איבריגע ברואים.

אלץ ארום לעבט און שוועבט...

און אינווייניג אין דעם גרויסען זאל פון דעם איינשטאקעדיגען הילצערנעם הויז ביי א שווארצען טיש אונטער א רייך בעפוצטעז זשיראנדעל שאקעלט זיך איבער דעם ״תקון שבועות״ א דיק יודל

---

ז

— א יום טוב פלעג זיין ביי מיר, אז איך פלעג דערזעהען פון דערווייטען אחרימען מיט די גרויסע שטיוואלעס און מיט דער גראבער ווייסער, ווארעמער, וואלענער סוויטע, וואס ער האט זי געטראגען זומער און ווינטער. דערזעהען אחרימען געהן, האב איך געוואוסט, אז דאס טראגט ער אונז אפילו פעלענע מיט גארטענווארג, און איך פלעג לויפען אין קעך אריין אנזאגען דער מאמע די בשורה, אז אחרים איז געקומען, און אחרים, אהן א גוט־מארגען, פלעג אויסלעדיגען די פאלע און אהן א זייט געזונט אוועק געהן, און אז די מאמע האט גענומען בעטראכטען וואס אחרים האט געבראכט צוטראגען און ס׳איז איהר דארט עפים ניט געפעלען, האט זי זיך ניט געפוילט איהם א רוף טהון צוריק און אשמיץ טהון איהם גלייך אין פנים אריין און נאך גוט אויס שעלטען, ער זאל ניט זיין קיין ״דבר אחר״!... און אחרים האט אפגעשווינגען, געפיהלט אז ער איז א ״דבר אחר״, צוגענומען צוריק, צונעזאנט ברענגען מארגען א בעסערס און מארש.

נאר דער גרעסטער פון אלע יום־טובים איז ביי מיר געוועזען דעמאלט ווען עס זענען אויסגעקומען די דיניה, מיט די קאווענעס; דעמאלט פלעג אחרים מיר ברענגען פון מיינעטוועגען באזונדער אמאל א קליין דינקעלי, אמאל א קליין קאווענדל. און חאטש זיי זענען געווען גרין און האבען געהאט אזא טעם, וואס מע האט זיך געקענט מיט זיי סמ׳ען, פון דעסטוועגען איז די מתנה געוועזען ביי מיר אזוי אנגעלעגט, אז איך זאל מיך ניט שעמען וואלט איך איהם ארומגעהאפט קישען.

בכלל דארף איך מיך מודה זיין, אז צווישען מיר מיט אחרימען איז געוועזען א מין ליבע א פארבארגענע, א מין סימפאטיע, וואס מע קאן זי ניט ארויסגעבען אין ווערטער. גערעדט האבען מיר צווישען זיך כמעט קיין מאל ניט; ערשטענס דערפאר וואס איך האב ניט פארשטאנען זיין לשון און ער האט ניט פארשטאנען מיין לשון (דאס הייסט איך איהם האב פארשטאנען, נאר ער מיך מכות!) און צווייטענס האב איך מיך געשעמט; אזא גרויסער אחרים — ווי אזוי רעדט מען מיט איהם? פלעג איך דארפען אנקומען צו דער מאמע, זי זאל זיין צווישען אונז דער טלאמאטש.

— מאמע! פרעג איהם, פאר וואס ברענגט ער מיר ניט קיין ווײנשעל?

— וואו זאל ער דיר נעמען ווײנשעל? אין א באשטאן איז ניטא קיין ווײנשעל.

— למאי איז ניטא אין א באשטאן קיין ווײנשעל?

— ווארום אין א באשטאן וואכסען ניט קיין ווײנשעל־בוימער.

— למאי וואכסען ניט אין א באשטאן קיין ווײנשעל בוימער?

מיט א האלב־גרויליכען בערדל. די הענט האלט ער אריינגעשטעקט אין דעם גארטעל פון שלאפראק און זינגט זיך בנעימות דעם סקאר־באווען נגון.

ער זאגט ווארט ביי ווארט און איז אזוי אריינגעלאזען אין די ווערטער, אז ער בעמערקט ניט די שענקייט פון דער נאכט און הערט אפילו ניט ווי אין קיך, וועלכע איז ניט ווייט פון דעם זאל, רוישט און קלאפט.

דארטען געוועלטיגט יעצט די בעל־הביתטע פון דעם הויז, א הויכע דיקע יודענע פון א יאהר פערציג. דער פאריק האט זיך איהר עטוואס ארויפגערוקט און עס בעווייזען זיך עטליכע פארבלאנדזשעטע שווארצע האר. צוויי דינסטען טראגען איהר צו אלץ, וואס מען בעדארף האבען צו די מילכיגע „קרעפלעך", און זי אליין רוהט אויך ניט, קאמאנדירט פעסט, גלייך ווי אין עלסטער מיט זיין „אטע סאלדאטען און ווי עס איז קענטיג האט זי א שטארקען בעגריף אין די קיך־עסקים. זי רוהט ניט גלייך ווי איהר צונגעל אין מויל, יעדע מינוט האט זי וואס צו זאגען נייעס. און עס איז אויך ניט קיין וואונדער, דאס הויז־געזינדל איז א גרויסע, מארגען בעדארף זי לכבוד יום־טוב געהן דאווענען בעצייטענס אין שוהל, און זי וויל מיט א כון אלץ בעצייטענס אנגרייטען, כדי זי זאל מארגען זיין אין גאנצען פריי, און עס קלאפען די האקמעסערס, עס רוישען די מיהלעכלעך, עס שפאלטען זיך די שייטלעך האלץ איינע נאך דער אנדערע, דאס שמאלץ פרעגעלט זיך אויף דער ענגלישער קיך מיט גרויס רעש, צייטענווייז חאפען זיך ארויס ווי פון דעם געפענגניש הייסע ברענענדיגע רויטע פונקען און עס קאכט אין קיך ווי אין א קעסעל.

— די קרעפלעך זענען גאט צו דאנקען געראטען! — זאגט ענדליך די בעל־הביתטע מיט גאוה צו זיך אליין — א סימן אויף א פרייהליכען יום טוב!

און אין א צווייטען צימער מאכט אין דער זעלבער צייט גרויסע שפרייזען איבער די פאדלאגע דער עלטערער זוהן. ער האט גאר וואס אוועקגעלעגט אן א זייט א קליין ספר׳ל און זיין גאנץ געזיכט האט זיך ווי אנגעצונדען, די גרויסע שווארצע אויגען שיסען מיט פייער, ער מארשירט האסטיג און רעדט צו זיך אליין. זיין מח איז פול מיט רעיונות און ער העלפט זיך צו מיט די הענט. צייטענווייז בעווייזט זיך א שמייכעל אויף זיין בלאסען פנים, גיך אבער ווערד פארשוואונדען די צופרידענהייט און די נערווען רעגען זיך ווידער אויף. „קאנגרעס, דעלעגאטען, קולטורע" חאפען זיך איהם ארויס פון מויל איינצעלנע ווערטער גלייך ווי בגנבה. נאר ער הערט זיי אליין ניט און מורמעלט ווייטער אונטער דער נאז, פאר איהם עקזיסטירט אויך ניט די שענע פריהלינג־נאכט מיט איהר גאנצען כשוף, זיינע האלב פארשלאפענע אויגען בעמערקען אויך ניט די רייכקייט פון דער ערד מיט דעם שמייכעל פון הימעל, ער הערט אפילו ניט דאס זיסע טריי־לען פון דעם נאכטיגאל אין ווייטען נוס־וועלדעל. די ברייטע פאנטאזיע האט איהם אוועקגעטראגען ווייט גאנץ ווייט, אין אנדערע לענדער, אנדער פעלדער און זיין אומוטיגער שארפער בליק קוקט אויס דעם מזרח־שטערן. . .

■

איין איינציג נפש נאר פון דער גאנצער פאמיליע נעמט די אויגען ניט אוועק פון דעם אפענ׳ם פענסטער און אטעמט צוזאמען מיט דער נאטור. זי איז אויך שטארק אויפגערעגט, נאר דאך רעדט זי א ווארט ניט. די ברוסט בעוועגט זיך האסטיגער ווי תמיד, די שווארצע האר זענען צעווארפען ניט אין ארדענונג. מען קאן אויף איהר געזיכט בעמערקען פארצווייפלונג און שרעק, און די דינע קניי־טשען אויפ׳ן בלאסען ווייסען שטערען זאגען אויס דעם סוד, אז דער קליינער מח׳ל פון דער בת־יחידה האט וועגען וואס צו קלערען...

צייטענווייז דרעהט זי אוועק אויף א ווייל דאס קעפל פון דעם אפענעם פענסטער, הערט זיך צו צו דעם טאטענס אומוטיגען נגון און דאס קלאפערײ פון קיך, צו איהרע קליינע אייערלעך דער־גרייכט אויף דעם ברודערס מורמעל. דאס געדויערט אבער גאר א גאנץ

---

— למאי, למאי — דו ביזט א געשליירטע שיקסע! מאכט צו מיר די מאמע אוןווארפט מיר אויף א פאטש.

— אווראומיכא, גע בעיי דעטינא! — מאכט צו איהר אחרים און שטעלט זיך איין פאר מיר.

אט אזא מין ערל איז געוועזן אחרים און ביי איהם בין איך דאס געלעגען אצינד אין די הענט.

ח

מיט׳ן שכל בעדארף מען פארשטעהן, אז ס׳איז מן הסתם אזוי געוועזן די מעשה: אחרים, אז ער איז אנגעקומען און דערזעהען ביי זיך אויפ׳ן באשטאן אזא חורבן, האט ער תחילת בעדארפט ניט פאר־שטעהן וואס טהוט זיך דא. דערזעהען אזא נפש ווי איך ארבייטען מיט דער שווערט אויף אלע זייטען, האט אחרים בעדארפט איבער־קלערען אויף מיר מי יודע וואס: — א ניט גוטער, א שרעטעלי איין אנשיקעניש. און האט געוויס זיך איבערגעצלמ׳ט עטליכע מאל. נאר נאכדעם, אז ער איז צוגעגאנגען נעהנטער און דערזעהען, אז דאס ארבייט אזוי געטריי דוקא א יודיש יונגל און דוקא מיט א הילצערנע שווערט, האט ער מיך אנגענומען ביים אויהער, נאר אזוי געשמאק, אז עס האט מיך צוגעצוינגען צו דער ערד און איך האב אנגעהויבען שרייען ניט מיט מיין קול:

— אי! אי!! אי!!! ווער ציהט דאס מיך פאר׳ן אויהער?!

ערשט העט שפעטער נאך די רעכטע סטוסאקעס און נאך די אמת׳ע פעטש, וואס אחרים האט מיר איינגעטייקט האבען מיר זיך בא־געגנט מיט די אויגען און האבען זיך ביידע דערקענט איינס דאס אנ־דערע, און מיר זענען ביידע געוועזן איבערראשט, געבליבען אהן לשון.

— אווראומיכענע דעטינא!? — האט אחרים אויסגעשריגען און האט זיך איבערגעצלמ׳ט, און האט גענומען באטראכטען די היזקות, וואס איך האב איהם דא אנגעארבייט. באקוקט יעדע גראדקע מיט איטליכ׳ם שטיקל ערד און עס האט איהם אזוי אנגענומען ביים הארצען, אז עס האבען זיך איהם געשטעלט טרערען אין די אויגען. ער האט זיך אוועקגעשטעלט אקעגען מיר צענויפגעלעגט ביידע הענט ביי זיך אויפ׳ן בויך און א פרעג געטהאן מיך נאר איין ווארט:

— זא שטשא? — פאר וואס קומט דאס מיר, הייסט דאס...

ערשט דא האב איך צעקייעט וואס פאר א חתונה איך האב אנגעארבייט און ו ע מ ע ן איך האב אזוי שטארק גורם היזק געווען, און איך האב זיך אליין געפרעגט: „פאר וואס", און אקוואל פון טרע־רען זענען געווארען מיינע אויגען . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— חאדים! — מאכט צו מיר אחרים און נעמט מיך אן פאר א

קורצע ווײלע און זי פערטיעפט זיך איבער א נייעס אין די סודות פון די בוימער, אין דעם שושקען זיך פון די גרעזלעך און די שטילע רוהיגע נאכט האט איהר אויך וואס צו זאגען.

פון נאס הערען זיך טריט, אויף דעם הילצערנעם טראטואר הערט זיך פעסטע טריט...

אין געזיכט פון דער בת־יחידה בייטען זיך אלע קאלירען, איהר אויפרעגונג ווערד גרעסער פון מינוט צו מינוט. איין עלעגאנטער יונגער מאן אין א בינאקעל מיט שווארצע וואנסעס רוקט זיך צו וואס אמאל נעהנטער, נאך א מינוט און זיין הויכע שלאנקע פיגור בלייבט שטעהן פאר דעם אפענעם פענסטער.

דער ווינט האט שטארק א בלאז געגעבען, עס הערט זיך א שטילער שמועס...

— אלץ פארטיג? פרעגט א מענער קול.

— ווי געזאגט — ענטפערט שוואך א פרויענשטים.

— זייגער צוועלף? פרעגט ווידער דער ערשטער קול.

— אקוראט — ענטפערט נאך שטילער דער צווייטער.

און עס ווערד ווידער שטיל. די טריט דערווייטערען זיך, דער ווינט בלאזט, קליינע בלימעלעך און בלעטעלעך פאלען אראב אויף דעם פייכטען גראז.

און אין גרויסען זאל זאגט „תיקון" דער פאטער, אין קיך קאמאנדעוועט מיט רעש די מוטער, דער עלטערער ברודער פליהט אין זיינע הויכע פאנטאזיעס, און די יונגע טאכטער קוקט אויס מיט אונגעדולט, דער זייגער זאל שלאגען האלבע נאכט...

מ. י. פרייד.

---

און האט אייער אויער מיין געבעט ניט פערנומען,
און ס'זענען אומזוסט מיינע טרערען פארגאסען. —

ניט אלץ דאך האט איהר מיר גערויבט אין מיין לעבען:
עס לעבט נאך א חלום ביי מיר אין מיין הארצען;
און שען איז מיין חלום ווי א שטראהל ווי א ליכטיגער,
ווי א שטראהל רייסט ער דורך אויך דעם וואלקען דעם שווארצען.

טראג זשע מיך ווייט, ערגיץ ווייט, שענער חלום,
איך וועל אויך א ווײלע פארגעסען צו ליידען! —
זאל שווארץ זיין די נאכט און זאל שווער זיין דער וואלקען —
מען זאל נאר פון דיר מיך ניט שיידען!

א. י. שטיינבערג.

---

## די סחורות און זייער ווערט.

די הויפט כלי־זיין אין דער שווערער מלחמה, פאר'ן קיום, וואס קומט אויס צו פיהרען דעם מענשען מיט דער נאטור — איז די וויסענשאפט. די וויסענשאפט לעהרנט אויס די ערשיינונגען און די כחות פון דער נאטור, בעווייזט זייער שייכות איינער צום אנדערען, זייערע גוטע און שלעכטע זייטען, זי לעהרנט אויס דעם מענשען, ווי צו עקספלאאטירען, ווי אויסצוניצען די גוטע זייטען און ווי מלחמה צו האלטען מיט שלעכטע זייטען. זעלטען אבער בעשאפט אונז די וויסענשאפט נייע כחות אין דער נאטור. זעהר זעלטען ענטדעקט זי אונז נייע וועגען אין דעם אלגעמיינעם וועלטאל (בריאה). — געוועהנליך הייבט פריהער דאס לעבען אליין אן, זיך צו בענוצען בלינדערהייט, אונוויסענד, מיט די כחות און ערשיינונגען פון דער נאטור. די וויסענשאפט קומט צו הילף ערשט שפעטער, ווען די געוויסע ערשיינונג איז שוין איבער געחזר'ט געווארען איינינגע מאל אין לעבען, ווען די מענשהייט האט זיך שוין כמה־מאל בענוצט מיט דעם. דענסטמאל קומט ערשט די וויסענשאפט און גוט דעם פשט און אנדערע מאל

---

* * *

און האט איהר גערויבט מיר די פרייד פון מיין יוגענד,
מיך אין פעסטונגען ענגע פערשלאסען,

האנט און איך בייג זיך צו צו דער ערד פאר שרעק, איך מיין אטאט מאכט ער פון מיר אפרעזשעניצע. נאר אחרים טשעפעט מיך ניט; ער האלט מיך נאר שטארק פאר דער האנט, נאר אזוי שטארק, אז עס קריכען מיר די אויגען פונ'ם קאפ, און פיהרט מיך אפ אהיים צו דער מאמע און דערצעהלט איהר אויס אלסדינג און גיט מיך איבער אויף איהרע הענט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

זאל איך אייך דערצעהלען, וואס איך האב געהאט פון דער מאמע? זאל איך אייך אויסמאלען איהר שרעק מיט איהר כעס מיט איהר ברעכען די הענט, בשעת אחרים האט איהר איבערגעגעבען מיט אלע פישטשיוקעס דעם גאנצען חורבן, וואס איך האב איהם אנגעמאכט אין באשטאן? אחרים האט זיך ניט געפוילט, גענומען דעם שטעקען און באוויזען מיט איהם דער מאמע, ווי אזוי איך האב געארבייט אהער און אהין אויף אלע זייטען, ווי אזוי איך האב געהאקט און געבראקט און געשטאכען און געשניטען און געטראטען מיט די פיס און די קארטאפליס פון דער ערד ארויסגעגראבען און די הארענע פון די אונערקעלעך, נאר וואס אויפגעגאנגען אונערקעלעך... און פאר וואס? פאר ווען?

— זאשטשא, אווראומיכא, זאשטשא?...

מעהר האט אחרים ניט געקאנט רעדען; עס האבען זיך איהם אפנים געשטעלט די טרערען אין האלז, און מיר האבען אלע געוויינט, אלע דריי: איך און די מאמע און אחרים: אחרים אויף זיין הארעוואניע וואס איז פארפאלען, די מאמע אויפ'ן היזק, וואס זי האט געהאט דורך מיר, „האלב קאפיטאל". האט זי געשריגען „האלב־קאפיטאל־ברענען זאלסטו!" און איך האב געוויינט — איהר דארפט זיך שוין שטויסען פאר וואס...

דעם רעכטען אמת מוז איך אייך זאגען, איך וואלט בעסער געוואלט זיין געפאטשט פון אחרימאוויס הענט, איידער האבען דאס וואס איך האב געהאט פון דער מאמע פאר שבועות און פונ'ם רבי'ן נאך שבועות... היינט די בזיונות, וואס איך האב נאכדעם געהאט א גאנץ קיילעכיג יאהר פון מיינע חברים אין חדר, וואס האבען מיר צוגעזעצט זעהר אלייטישען נאמען: „באשטאנטשיק", „יוסיל באשטאנטשיק"!... דער דאזיגער שענער נאמען איז מיר פארבליבען העט כמעט ביז דער חתונה...

אט ווי אזוי איך בין געגאנגען רייסען גרינס אויף שבועות!



אויף דעם טעם דערפון. פיעלע ערשיינונגען זענען דא אין דער נאטור, וואס צו ליב זייער אפטען איבער חזר'ן זיך וועלען מיר זעהר צו געוואנט צו זיי אונ זיי ווייזען אונז אויס אזוי פשוט, אז אונז דאכט זיך, אז אנדערש קאן גאר ניט זיין אונ עס פאלט אונז גאר ניט איין צו פרעגען, פאר וואס איז דאס אזוי? אונ גראד אין אזוינע ערשיינונגען ליגען פארבארגענע סודות אונ געזעצען, וועלכע וואלטען געצווים פארלייכטערט די שווערע מלחמה פאר'ן קיום, ווען מען וואלט זיי ענטדעקט. "וויפיל פילאזאפיע דארף מען האבען צום פארשטעהן דאס, וואס עס קומט פאר ביי אונז אין אלטעגליכען, געוואהנליכען לעבען" האט געזאגט דער בעוואוסטער פראנצויזישער דענקער זשאן זשאק רוססא. אונ דאס איז גאנץ ריכטיג, ווען מיר בעטראכטען די אונוויסענהייט אונ אונזער שוואכקייט אינ'ם פארשטעהן די ארומיגע ערשיינונגען.

זעהר פילע ענטדעקונגען אונ ערפינדונגען פון די לעצטע צייטען האבען מיר צו פארדאנקען דעם ענגלישען געלעהרנטען ניוטאן דער פאר, וואס ער האט ענטדעקט דעם טעם פון די פשוט'ע ערשיינונג וואס יעדע זאך פאלט צו דער ערד. וויפיל אמת ליגט אין דער מיינונג, וואס געהט ארום אין פאלק, אז די אייזענבאהן איז ערפונדען געווארען א דאנק א קעסעל קאווע!

עס קאן זעהר זיין, אז די מענשען וואלטען זיך ניט מעהר אזוי געקווילט, ווען זיי זאלען פארשטעהן דעם שכל אונ דעם טעם פון די איינפאכע ערשיינונגען, וועלכע רינגלען אונז ארום?...

גאר ווי שווער עס איז ניט צו פארשטעהן די ערשיינונגען, וועלכע קומען פאר אין דער אויסערליכער נאטור, זענען די ערשיינונגען פון אונזער געזעלשאפטליכען לעבען, די ערשיינונגען, וועלכע קומען פאר בין אדם לחבירו, נאך ווייניגער אויסגעפארשט אונ בעלייכט.

עס זענען דא זעהר פיעל געזעצען אין אונזער געזעלשאפטליכען לעבען, וועלכע ווערען איבער געחזר'ט יעדען טאג זעהר פיעל מאל, אבער ניט ווייניג מיה אונ צייט האט געקאסט די געלעהרנטע אײדער זיי האבען פארשטאנען די בעדייטונג אונ די סבה דערפון. אלס בייספיל קאן אונז דינען די "ווערט" פון די סחורות. דאכט זיך: ווער ווייס דאס ניט ווערט פון סחורות? יעדער ווער עס איז נאר אביסל בעקאנט אין הלכות מסחר וועט קענען לייכט זאגען פאראויס וויפיל עס דארף קאסטען די אדער יענע סחורה, יעדער פשוטער יונגל אפילו ווייסט אז אבייגעל, למשל, קאסט א קאפיקע אונ א געפלאכטענער זעמעל 2 קאפ.! אבער אין דער פשוטער זאך ליגט א טיפער אונ שכל'דיגער געזעץ, וועלכע איז ענטדעקט געווארען נאר אין די לעצטע יאהרען.

אט וועגען דעם געזעץ, וואס איז בעקאנט אין דער וויסענשאפט אונטער דעם נאמען "ווערט", וועלען מיר איצט רעדען.

ווער בעשטימט די "ווערט" פון סחורות? אין פלוג ווייזט אויס, אז די סוחרים, וועלכע האנדלען מיט דער סחורה, בעשטימען די ווערט אז דאס ווענדט זיך נאר אן זיי אליין.

אז די דאזיגע מיינונג איז פאלש קאן מען זיך לייכט איבערצייגען. מיר ווייסען גאנץ גוט, אז יעדער סחורה האט אין פארשיידענע ערטער אונ אין פארשידענע צייטען א גאנץ אנדערע ווערט. איין ארשין טוך, למשל, אין אמעריקא קאסט אסך ביליגער ווי אין רוסלאנד. אין רוסלאנד גופא ווידער האט געקאסט מיט 20—50 יאהר צוריק איין ארשין טוך אסך טייערער ווי איצט. ווען דאס זאל זיך ווענדען גאר אן די סוחרים, טא ווי קומט עס, אז גראד אין אמעריקא אדער אין ענגלאנד קאסט ביליגער ווי אין רוסלאנד? אמת טאקי די אמעריקאנער סוחרים זענען גרויסע בריה'ס אונ האנדלען גרעסער ווי די רוסישע, אבער ווי קומט עס אז גראד אין אמעריקא זענען אלע חכמים אונ דא — נאראנים. אמת דעם אמעריקאנער סוחר קאסט אפילו די רויהע מאטעריאל אונ מאשינעס ביליגער — אבער אלץ קשה: פאר וואס קויפט ער טאקי איין ביליגער ווי דער רוסישער סוחר?

בכדי צו פארשטעהן גוט דעם שכל פון ווערט מוזען מיר פריהער רעדען אייניגע ווערטער וועגען סחורות אונ מסחר בכלל.

די הויפט-בעשעפטיגונג פון דער ציוויליזירטער מענשהייט איז דער מסחר. דאס הייסט קויפען אונ פארקויפען סחורות. היינט איז ניטא איין מענש, וועלכער זאל קענען אויסקומען אהן מסחר. דער פראסטער ארבייטער, וועלכער האט ניט קיין אייגענע אינסטרומענטען, מיט וועלכע ער זאל קענען פיהרען א זעלבסטשטענדיגען ווארשטאט, פארקויפט זיין ארבייטס-קראפט פאר געלד, דאס געלד בייט ער אויס אויף סחורות, וועלכע זענען איהם נייטיג: קליידער, מזונות, א דירה אז"וו. דער בעל-מלאכה ווידער קויפט רויהע מאטעריאל, מאכט פון זיי א כלי, א נוציגע זאך, פארקויפט זי פאר געלד, אונ קויפט אנדערע סחורות. ווער רעדט שוין פון די סוחרים אליין, ביי זיי איז דאך דער מסחר דאס גאנצע לעבען. יעדער סוחר שטרעבט צו האבען וואס מעהר סחורות, דען וואס מעהר סחורות ער האט איז ער אלץ רייכער. אפילו ווען איך וויל וויסען בכלל ווי רייך די אדער יענע געזעלשאפט איז, קאן איך נאר וויסען לויט דעם צאהל סחורות, וויפיעל זי פארמאגט.

א סחורה מוז האבען אין זיך צוויי אייגענשאפטען: 1) מוז זי האבען א בעל-הבית, וועמען זי געהערט, 2) מוז זי זיין נוציג, זי מוז קענען צופרידען שטעלען א געוויסע מענשליכע בעדערפניס. ווען זי זאל ניט זיין נוציג וואלט איהר קיינער ניט קויפען אונ זי וואלט זיך דענסטמאל ניט קענען רופען א סחורה. שפייז, למשל, ווען מען פארקויפט איהר ווערד זי אנגערופען א סחורה, ווייל זי שטעלט צופרידען די בעדערפניס פון מענשליכען קערפער צו זיין זאט, קליידער — צו צושטעלען א געוויסען גראד ווארעמקייט, וואס איז נייטיג דעם מענשליכען ארגאניזם. קויפען ביי א לעהרער א שעה-צייט צו לערנען מיט מיר אליין אדער מיט מיינע קינדער, וועט אויך הייסען א סחורה, ווייל דאס שטעלט צופרידען דאס בעדערפניס פון בילדונג אז"וו.

די אייגענשאפט פון דער סחורה צופרידען צו שטעלען א געוויסע מענשליכע בעדערפניס ווערד אנגערופען: "געברויך ווערט".

עס זענען אבער דא א סך זאכען, וועלכע האבען א געברויך ווערט, זיי זענען זעהר נוציג דעם מענשען אונ פון דעסטוועגען רופען זיי זיך אלץ ניט אן א סחורה, ווי: די ליכטיגקייט פון דער זון, לופט, רעגען, וואסער אין טייך אז"וו, זענען זעהר נייטיג דעם מענשען, אהן זיי קאן בכלל דער מענש ניט אויסקומען אונ זיי רופען זיך פון

דערשטוועגען ניט סחורות. די דאזיגע זאכען זענען דא אזוי פיעל אויף דער וועלט, דאס יעדער מענש האט די מעגליכקייט זיי צו בעקומען אהן שום מאטערניש, אהן א ברעקל כח און קיינער וועט דעריבער דערפאר ניט געבען א גראשען. קוים אבער האבען די זאכען אין זיך אביסל מענשליכען כח, ווי למשל וואסער אין שטאדט, אויף וועלכע מען האט שוין געמוזט לעגען כח, צו ברענגען פון טייך, דענסטמאל קאן מען איהר שוין ניט בעקומען אומזיסט און ממילא האט דאס שוין א געוויסען געלד־ווערט אדער א סחורה־ווערט. די סחורה־ווערט ווערד אנגערופען אנדערש טויש ווערט. ווייל זיי ווערען אויסגעטוישט אויף איין אנדער זאך.

יעדע סחורה טויש־ווערט מוז האבען אין זיך א געברויך־ווערט (זי מוז זיין נוציג), אהן א געברויך־ווערט קאן קיין טויש־ווערט ניט זיין. דערפון איז אבער ניט געדרונגען פארקעהרט—אז יעדעס געברויך־ווערט מוז האבען א טויש־ווערט. ווי מיר האבען איצט געזעהען זענען דא זעהר פיעל פראדוקטען, וועלכע האבען א געברויך־ווערט און האבען ניט קיין טויש־ווערט. כדי צו האבען א טויש־ווערט, ד"ה זיין א סחורה, מוז דער פראדוקט דורכאויס האבען אין זיך מענשליכען כח.

(ענדע קומט.)

א. ש. זאקס.

---

# פארצייטישע יאהרען.

(עטליכע פארצייטישע, וועניג בעקאנטע יודישע פאגראמען).

א.

בשעת חמיעלניצקי האט בעלעגערט די שטאדט לעמבערג (שנת ת"ח), האט ער מודיע געוועזען די דארטיגע קריסטען, אז אויב זיי וועלען איהם ארויסגעבען די יודען, וועט ער די שטאדט צורוה לאזען. די קריסטען האבען אבער געענטפערט: „יודען זענען גלייך מיט קריסטען גרייט צו שיצען די שטאדט, מלחמה צו האלטען און דאס לעבען מקריב צו זיין פאר דעם כלל". *)

די מעשה ווייזט אונז, אז יודען האבען דאמאלס אין לעמבערג גוט געלעבט מיט די קריסטען און דאך איז זעכצעהן יאהר דערנאך געוועזען א שרעקליכער פאגראם, אין וועלכען עס זענען הונדערטער יודען גע'הרג'עט געווארען, יודיש פארמעגען און שוהלען זענען גערויבט געווארען און פיעל קינדער זענען געפאנגען געווארען.

די מעשה פון דעם פאגראם האט בעשריבען באריכות א קאטוילישער גייסטליכער, טאמאש יוזעפאוויטש, אין זיין ווערק „די געשיכטע פון דער שטאדט לעמבערג פון 1634 ביז 1690־טען יאהר" **)

זיין בעשרייבונג האט ביי אונז א גרויסען ווערט איבער 2 טעמים: ערשטענס ער האט מיט זיינע אויגען די גאנצע מעשה געזעהען. און צווייטענס, פון זיין שרייבען זעהט מען גוט, ווי די קאטוילישע גייסטליכע האבען דאמאלס געקוקט אויף יודען און ווי זיי האבען אזא שרעקליכען פאגראם בעטראכט.

מיר געבען דא איבער זיין בעשרייבונג ווארט ביי ווארט און דער לעזער וועט געווים פארשטעהן, וואס אין איהר איז אמת און וואס נישט.

„די אונגלויביגע יודישע גזע אין אונזער שטאדט — שרייבט ער — האט זיך אין דעם יאהר (1664) ערלויבט צו טון מעשים, וואס האבען אויף זיי געבראכט אומגליקען. וועלכע זיי האבען פארדיענט עהרליך, איבער זייער גאוה. אין אונזער שטאדט האט מען דערצעהלט, אז אין קראקא זענען קריסטען בעפאלען יודען. וועלענדיג זיך נוקם זיין אין אונשולדיגע, אדער זיך דאס לעבען פארזיכערן, האבען זיי זיך פארבערייט גרויסע צוויי־שארפיגע העק, האמערס אויף גרויסע העלצער, קאסעס, שווערטען און ביקסען. יודען שכורים זענען אפט ביי נאכט געלאפען אין די גאסען, זיי האבען געשאסען, געהאלטען א וואך און זייער העזה איז אזוי גרויס געוועזען, אז זיי האבען פון קריסטען געלאכט און זיי מיט דעם טויט געשראקען, זאגענדיג, אז הונט וועלען קריסטענס בלוט לעקען, אז איין יוד וועט זעכציג סטודענטען פארטרייבען, אז יודען וועלען טרעטען אין קריסטליך בלוט און דערגלייכען ווערטער געזאגט הויך, אום קריסטען זאלען הערען".

„עס איז אנגעקומען דער היילעגער פייערטאג פון „געפינען דעם היילינגען קרייץ", אין וועלכען עס פארזאמלען זיך זעהר פיעל מענשען פון די דערפער אין דער קירכע אויף דער פארשטאדט. יודען, מיינענדיג, אז דעם טאג, וועט מען זיי בעפאלען, האבען זיי זיך באלד אין דערפריה פארזאמעלט ביי זייער שוהל, בערך 400 יודען זענען געשטאנען בעוואפענט ביז מיטאג אויף דריי ערטער, ווי דריי מחנות זעלנער. יעדע מחנה האט געהאט זיין אנפיהרער. איין מחנה איז געשטאנען ביי דער מיהל מיט זייער עלטסטען, א יוד וועלכער האט געהייסען לייזער, די צווייטע איז געשטאנען נעבען דער יאטקע, אונטער דער סכה און די דריטע צווישען די הייזער".

„די דריי יודישע מחנות זענען געשטאנען א לאנגע צייט גלייך, ווי גרייט צו א מלחמה און האבען זיך אויך געדונגען מענשען פון המון, אום זיי צו בעשיצען. אונזערע מענשען ווידער, א טייל אום זיך צו דערוויסען, וואס די בעוואפענטע יודען ווילען, א טייל אום צו בעוואונדערען די יודישע העזה, א טייל אום זיי אויס צו זידלען, א טייל אום זיי אויס צו לאכען — זענען דארט אהין געגאנגען. יודען זענען מיט ווערטער נישט געבליבען שולדיג, זיי האבען אויך מיט שטעקענס געענטפערט. דאס איז זיי אבער צו ווייניג געוועזען. ווי אום זיך זעלבסט דאס אומגליק פארצוברייטען, זענען זיי בעפאלען אונזערע יונגע לייט, וואס זענען געקומען אויס נייגעריגקייט, זיי צעיאגט, אדער געשלאגען און דערנאך זיך געריהמט און א קעגען קריסטען שטאלציערט. אונזערע מענשען זענען א פאר מאל אוועקגעגאנגען, ביז צום קראקויער טויער ביז מען האט געמוזט דאס טויער פארמאכען".

„דערוויסענדיג זיך פון דער יודישער שרעקליכער העזה, זענען צוזאמען געלאפען אונזערע מענשען און דער המון, אום די טרויריגע זאך צו צוקוקען. צווישען זיי זענען אויך געוועזען בריות יונגע לייט, שילער, און די האבען מיט יוגענד־היץ געחאפט געוועהר. דאך האבען זיי יודען גאר נישט געטאן, ביז דריי יודישע יונגע לייט זענען נישט ארויסגעשפרונגען, געשלאגען דעם המון, וואס איז אנגעקומען און איינעם גע'הרג'עט מיט צוויי־שארפיגע העק. דאמאלס ערשט זענען

*) Kubali. Szkice his, Ser. I. 73

**) Kronika miasta Lwowa od r. 1634 do r. 1690

די קריסטען זעהר אויפגערעגט געוואָרען אויף די אונגלויבּיגע עזות פנים'ער.

בּשעת עלטערע בּעטראַכטענדע מענשען האבּען זיך בּעקלערט, וואס מען זאל דא טון, האט דערווייל די לייכטזיניגע יוגענד זיך אנגעהויבּען נוקם צו זיין פאר אונשולדיג קריסטליך בּלוט.

די דריי יודישע יונגע לייט, וואס זענען געשטאַנען צווישען דער מחנה ידען, האבּען נישט אויפגעהערט צו וואַרפען שטיינער און צו זידלען קריסטען, בּיז עס זענען געקומען אונזערע מענשען מיט מעהר געוועהר, מיט מעהר שכל און מיט גרעסערען כח. יודען זענען פריהער בּעפאלען די יונגלעך, וואס האבּען פון זיי געלאַכט און דעם המון, וואס איז געקומען צוקוקען, זיי געשלאגען, צעיאגט, געשטופּט.

דערווייל זענען אבּער אנגעקומען זעהר פיעל סטודענטען פון דער שטאדט, מיט זיי זענען אויך געגאנגען זעהר פיעל פויערען, וואס זענען געווען בּעוואַפענט מיט דרענגער און שטעקענס. דאמאלס האט זיך אנגעהויבּען א שרעקליכע מלחמה. יודען האבּען אנגעהויבּען צו ציטערען, צו שרעקען, איינער האט דעם אנדערען העזה צו געגעבּען. אין אנפאנג האבּען זיי זיך טאקי זעהר גוט געהאַלטען, נאר דערנאָך, ווען זיי האבּען שוין געהאט די מלחמה פון אַלע זייטען, האבּען זיי געשריגען, זיך אויסגעמישט און אהן ארדנונג געלאפען אין שוהל אריין. נאר דארט האבּען זיי אויך בּעקומען די שטראף, אויף וועלכער זיי האבּען פאַרדיענט. די סטודענטען און דער המון, וואס האבּען זיך מיט רעכט געפיהלט בּעליידיגט, האבּען ארויסגעשלעפּט יודען פון די הייזער און זיי גע'הרג'עט. אויף פיעל פון זיי האבּען אונזערע רחמנות געהאט און פון טויט געראטעוועט, אנדערע האבּען פון רחמנות בּיי זיך אין די הייזער בּעהאלטען יודען.

די זעלבּע סטודענטען האבּען אויך די גאסען פון דער שטאדט גופא מיט יודיש בּלוט בּעפארבּט, די בּעלי־בּתים פון דער שטאדט האבּען געמוזט איבּער יודען האלטען סטראַזש בּיי נאכט.

יודען האבּען זיך אבּער בּיי דעם סטראַזש אויך גישט געפיהלט זיכער, וואָרען אין א געוויסע נאכט איז אין שטאדט ווידער אונרוהיג געוואָרען איבּער דריי איידלע סטודענטען, וואס זענען פון געריכט פאַר'משפּט געוואָרען. א זעהר בּכבוד'ער בּעל־הבּית סטאַנטעל, וואס האט בּיי נאכט געשאסען, כּדי יודען צו בּעשיצען, איז גע'הרג'עט געוואָרען, חוץ איהם זענען אויך אומגעקומען דריי קריסטען, וואס האבּען זיך פאר יודען אנגענומען.

די שטאדט האט דעריבּער געמוזט זיך בּעמיהען יודען צו פאַרזיכערען אויף איין אנדערען אופן, דאדורך האט זי געדונגען הונדערט זעלנער, פון וועלכער 60 האבּען בּעקומען געהאלט פון דער שטאדט־קאסע און 40 פון יודען".

דאס אלעס שרייבּט איבּער דעם פאגראם, א קאטוילישער גייסטליכער, וואס זיין שנאה צו יודען זעהט מען אין יעדען וואָרט. דאך מוז ער מודה זיין, אז די קריסטליכע לעמבּערגער בּעלי־בּתים האבּען געהאלטען פאר זעהר נייטיג יודענס לעבּען און פאַרמעגען אבּצוהיטען. יודישע קוועלען צו דער געשיכטע פון דעם פאגראם האבּען מיר מעהר נישט, ווי צוויי „אל מלא רחמים'ס", וואס געפינען זיך אין דעם פּינקס פון „בּיהכ"נ הגדולה דתוך העיר לבוב".

אין די „אל מלא רחמים'ס" זעהען מיר, אז אין 8 איר (שבּת), האבּען זיך פאַרזאַמעלט „תשמידם" (תלמידים — שילער) און אנדערע „פוחזים" אין פאַרשטאדט און האבּען גע'הרג'עט און גע'שחט'ען מעהר ווי הונדערט נפשות „לומדים, מופלגים, עשירים און דינים", שוהלען זענען פאַרוויסט און ספרי תורה צעריסען געוואָרען, מעהר ווי 200 מענשען זענען געוואָרען פאַרוואונדעט און א סך הונדערט טויזענטער געלד איז גערויבּט געוואָרען.

אין דער שטאדט גופא זענען גע'הרג'עט געוואָרען 75 נפשות און מעהר ווי 200 זענען פאַרוואונדעט געוואָרען, דריי שוהלען האבּען זיי חרוב געמאכט, רוב ס"ת צעריסען און פיעל קינדער זענען געפאנגען געוואָרען. *)

פ—ק.

## ליטעראַטור און קונסט

— אין פּעטערסבּורג האט זיך געגרינדעט א פערלאג ארויסצוגעבּען די בּעריהמסטע רוסישע און אויסלענדישע ליטעראַרישע ווערק

*) מיר געבּען דא די צוויי „אל מלא רחמים'ס", ווי זיי זענען איבּערגעדרוקט געוואָרען אין „מצבת קדש". חוברת ב'. לבוב 1864.

„אל מלא רחמים שוכן בּמרומים המציא מנוחה נכונה תחת כּנפי השכינה בּמעלות קדושים וטהורים כּזוהר הרקיע מזהירים את נשמת הקדושים והטהורים שהיו בּקהלתנו המפוארה עיר גדולה של חכמים ושל סופרים ונהרגו בּחוץ לעיר ק"ק לבוב החשובה והרמה בּמקום אחד תורה וגדולה מקוימה, בּשמונה לחדש איר 'א'ך 'ה'י'ה 'בּ'ח'ש'כ'ה 'נ'ד'ו'ל'ה לפ"ק בּני ישראל לילות וימימה בּשבּת קדש להיושב שמימה נתאספו התשמידים ושאר פוחזים בּיד רמה והרגו ושחטו יותר ממאה נפשות בּאף וּבחמה לומדים ומופלגים אנשי השם המה עשירים ומנהיגים היו לנו למחסה בּיום זעם ונזלו כּמה מאות אלפים כּספּם וזהבם בּמהומה וגם נהרגו אלופים דינים קולם נשמע בּרמה, אנשי אמנה אבדו היו לנו לחומה ונתבּלו יותר משני מאות אנשים חשובים בּמראה ובקומה אכלו את יעקב ואת נוהו השמו לביזה ושמה בּתי הכּנסיות ומדרשות הקדושים בּנוי לתלפיות כּחומה וקרעו והתכו ספרי תורת ה' תמימה על זאת יבכּו עש כּסיל וכימה ונאבדו ילדים נפזרו ונפרדו בּין האומה יתומים ואלמנות בּוכים ומבכּים בּנהימה, על אלה דמעתי על לחיי אזרימה בּכי ונהי ארימה העל אלה תתאפּק ה' איש מלחמה נוקם ה' וּבעל חמה ישקיף וירא ה' מן השמים לנקום נקמה ימין ה' רוממה לכן בּעל הרחמים יסתירם בּסתר כּנפיו לעולמים בּישיבה של מעלה יהיו יושבים וחונים וכו'".

„אל מלא רחמים וכו' נשמת הקדושים והטהורים בּקהלה תהלה בּרה כּחמה עיר גדולה של חכמים וסופרים בּק"ק לבוב החשובה והרמה תורה וגדולה בּמקום אחד מקוימה בּשמונה לחדש איר ועד עשרים בּסיון לפרט 'א'ך 'ה'י'ת 'בּ'ח'ש'כ'ה 'נ'ד'ו'ל'ה לפ"ק בּני ישראל לילות וימימה בּחמישי ובששי וּבש"ק לה' יושב שמימה התאספו התשמידם ושאר פוחזים בּיד רמה והרגו ושחטו יותר משבעים וחמשה נפשות בּאף וּבחמה לומדים ומופלגים אנשי השם המה עשירים ומנהיגים היו לנו למחסה בּיום זעמה ונזלו כּמה מאות אלפים כּספּם וזהבם בּמהומה וגם נהרגו כּמה אלופים דינים וּבעלי תורה קולם נשמע בּרמה אנשי אמנה אבדו היו לנו למחסה בּיום זעמה ונחבּלו בּתוך העיר ג"כ יותר משני מאות נפשות חשובים בּמראה וּבקומה אכלו את יעקב ואת נוהו השמו לביזה ושמה שלשה בּתי כּנסיות הקדושים בּנו לתלפּיות כּחומה וקרעו והתכו רובּי ספרי תורת ה' תמימה על זאת יבכּו עש כּסיל וכימה ונאבדו ג"כ כּמה ילדים נפזרים ונפרדים בּין האומה בּוכים ומבכּים בּנהימה. וכו'".

אין זשארנאנישער איבערזעצונג און צו פארקויפען פאר זעהר ביליגע מקחים.

— דער שקל, זיין געשיכטע, באדייטונג און ציעל. הערויס געגעבען פון אדעסער ציוניסטען. אדעסא תר״ס״ג.

---

# אַלְטְנֵיילַאנְד.

איך מיין, אז איהר אלע, מיינע לעזער, האט שוין געהערט פון׳ם „אלטניילאנד״, ס׳הייסט פון׳ם ביכל מיט דעם נאמען, וואס איז ניט לאנג ערשיענען, א ראמאן פון׳ם ציוניסטישען פיהרער ד״ר הערצל.

געהערט האט איהר געוויס, ווייל א גאנץ היבשע צייט האבען דעריבער געפויקט אלע יודישע צייטונגען און פייערינגע רעדעס זענען אבגעהאלטען געווארען אין ציוניסטישע פערזאמלונגען, — קענען אבער אלע דאס ווערק, וועגען וועלכען עס רעדט זיך מיט אזא היץ?

איך וויל אייך דערמיט בעקענען און גלויבט מיר, אז איך האב דערביי קיין שום כוונה זרה ניט. איך וויל ניט שאפען קיין שטימונג אין דער אדער אין יענער זייט. איך וויל נאר, אז איהר זאלט פריהער די זאך קענען און נאכדעם ערשט אייער מיינונג זאגען.

## I.

דאס ביכל „אלטניילאנד״ הייבט ד״ר הערצל אן מיט אזא מעשה: איינער א יודישער יונגערמאן אין וויען, ד״ר פריעדריך לעווענבערג, א געקאנטשעטער יוריסט, נאר אהן פראקטיקע, האט זיך פארליבט, ווי מע זאגט, איבער די אויערן, אין א יודיש-גבירישע מיידל פון די הויכע פענסטער, איך מיין פון דעם יודישען פאהן, פון דער רייכסטער קלאס אין וויען.

די יודישע רייכע קלאס אין וויען, ווי אלעמען בעקאנט, איז אסימילאטאריש געזינען, מע זוכט מיט אלע מיטלען געפעלען דער קריסטליכער געזעלשאפט, און וועגען יודישע נאציאנאל, יודישע אינטערעסען וויל מען גאר ניט טראכטען. ד״ר הערצל מאלט אב די דאזיגע יודישע קלאס אין פאלגענדער סצענע, וועלכע קומט פאר ביי דער פאמיליע לעפלער ביי דער סעודה פון ערנעסטינעס תנאים (ערנעסטינע איז די געליבטע פון ד״ר לעווענבערג). סע ווערד א רעדע וועגען יודישער לאגע. ד״ר וויים, דער ראבינער, זאגט:

„ביי אונז אין מעהרען ווערד אויך די לאגע שלעכט. אונזערע יודען זענען, אין די קליינע שטעדטלעך איבערהויפט, אין געפאהר. זענען די דייטשען שלעכט אויפגעלעגט, שלאגען זיי אויס די פענסטער ביי יודען, זענען ווידער די טשעכען אויפגערעגט בעפאלען זיי די יודען. אזוי אדער אזוי איז די יודען שלעכט, און די ארימע לייט הויבען אן צו אנטלויפען. זיי ווייסען אבער נעביך ניט וואוהין״.

„מאריטץ!״ רופט די פרוי לאשער אין דיעזען אויגענבליק, „איך וויל איבערמארגען אין בורגטעאטער״.

„לאז צורוה!״ ענטפערט דער בערזענמאן. „ד״ר וויים דערצעהלט אונז ווי אזוי סע זעהט אויס ביי זיי אין מעהרען. באמת ניט שען״.

סאמועל וויינבערגער, דעם חתנ׳ס פאטער מישט זיך אריין: „הער דאקטאר, איהר אלס ראבינער קוקט שוין דארויף צו שווארץ״.

„ווייס קוקט תמיד שווארץ!״ זאגט איינער פון די צוויי לצים, נאר דאס ווערטעל פליהט דורך ניט בעמערקט.

סאמועל וויינבערגער זאגט ווייטער:

„איך פיהל מיך אין מיין פאבריק גאנץ זיכער. אז מע וויל ביי מיר עפיס מאכען קוויצען רוף איך די פאליציי אדער גיה צום קאמאנדיר. אז די באסיאקעס דערזעהען נאר די פיקע בעקומען זיי דרך־ארץ״.

„אזא צושטאנד איז דאך אבער זעהר טרויריג״, בעמערקט ראבינער ווייס ליבליך.

אדוואקאט ד״ר וואלטער, וואס זיין פאמיליען-נאמען איז איז לכתחלה געוועזען פייגעלשטאק, בעמערקט: „איך ווייס ניט ווער ס׳האט געזאגט, מיט פיקעס קאן מען אלעס מאכען; נאר דארויף פארלאזען זיך קאן מען זיך ניט״.

„איך זעה שוין״, שרייט אוים לאשנער, „מיר וועלען אלע ווידער מוזען טראגען דעם געלען פלעק אויף די קליידער״.

„אדער ארויספאהרען״, זאגט דער ראבינער.

„זייט זשע מוחל, וואוהין?״ פרעגט וואלטער, „איז דען ערגיץ אנדערש בעסער? אפילו אינ׳ם פרייען פראנקרייך זענען די אנטיסעמיטען פון אויבען״.

ד״ר ווייס אבער, דער ארימער ראבינער פון א מעהרישען קליינעם שטעדטל, וועלכער האט קיין בעגריף ניט געהאט אין וואסער א חברה ער געפינט זיך, ווארפט תמ׳וואטע אריין א תשובה:

„זייט איינינע יאהרען איז ענטשטאנדען א בעוועגונג, וועלכע מע רופט ציוניזם. דיעזע בעוועגונג וויל די יודישע פראגע פארענטפערען דורך א גרויסארטיגער קאלאניזאציע אין אונזער אלטער היים אין ארץ ישראל. ווער סע קאן שוין מעהר דא ניט אויסהאלטען זאל אהין געהן״.

ער האט גערעדט גאנץ רוהיג און גאר ניט בעמערקט ווי די פנימ׳ער האבען זיך ביסלעכוויז פארצויגען מיט א שמייכעל און איז דעריבער שטארק פארשעמט געווארען בעת ער האט דערהערט דאס געלעכטער, וואס האט אויסגעבראכען, אלס ער האט דערמאנט דאס ווארט ארץ־ישראל. דאס איז געוועזען א לאכען פון פארשידענע קולות. די דאמען האבען געחאחעט, די הערען — געברילט און צעשמאלצען געווארען. נאר פריעדריך לעווענבערג האט דאס געלעכטער געפונען פאר עם-הארצ׳יש און גראב אקעגען דעם אלטען מאן.

א גאנצע רייהע פון וויצען קלוגע און נארישע וועגען די יודישע מיניסטארען און ווער וועט עס זיין דער יודישער מלכות א. ד. ג. חכמות, וואס יעדער פון אונז האט זיי שוין געהערט אמאל טויזענט און איינס, סיי אין הויך־שטעקיגע עלעקטריש בעלייכטעטע סאלאנס און סיי אין די ארימע בתי מדרשים ביי דער הרובע און פאר א גראשאווע חלב-ליכטל פאלגט אין דיעזער געזעלשאפט אויך. מע פארטיילט צווישען זיך די פאסטען און עפענטליכע שטעלען. איינער וויל וויצינער זיין אלס דער אנדערער. נאר איין ראבינער ווייס בעהאלט נאך דערביי קלארען געדאנק און פרעגט:

„פון וועמען לאכט איהר, רבותי? פון זיך אליין?״

